האָבען זיי געלאָזען פערברענען מיט גרויס צערעמאָניע און פּאראד. דערביי איז עס אָבער ניט געבליבען. די שווארצע דאָמיניקאָנער האָבען זיך דערמיט ניט בעגנוגענט. דער עסק פון ברענען אידישע ספרים איז זיי געפעהלען געוואָרען, און אין פערציג טעג שפּעטער האָט מען אויף'ן זעלבען פּלאַץ געלאָזט פערברענען דעם תלמוד, צוועלף טויזענד בענדער. פיעלע פון די פרומע גענגער פון רמב"ם האָבען אין דעם געזעהן א שטראָף פון גאָט, און די מחלוקה איז אויף א צייט שטילער געוואָרען.

די אנהייגנער פון רמב"ם האָבען נאַטירליך ניט געשוויגען. זיי האָבען געזוכט צו בעווייזען פאר די קריסטליכע בעלי דעות, אז דער „מורה נבוכים" איז ניט קיין אפּיקורסישער בוך, און אז די בעשולדיגונג איז א מיאוסע מסירה. זיי האָבען אויסגעפיהרט דאָס זייעריגע, און די מוסרים זיינען בעשטראָפט געוואָרען, ווי עס איז דאמאָלס געווען דער מנהג, אז מען זאָל זיי אויסשניידען די צינגער. די ליעבהארציגע קריסטליכע מאָנאכען האָבען אויף אזא אופן געהאט א דאָפּעלטען נחת; אי אידישע ספרים פערברענט אי א פּאָר אידישע צינגער אויסגעשניטען...

ווענען דעם פערברענען פון דעם „מורה נבוכים" איז געבליבען א קורצער עפּיגראַם פון דעם ר מ ב " ם ' ס אן אנהייגנער:

מה בערו האומרים כי בערו
דברי חמדות יקרו מזהב;
אש אכלה המה, — ואיך אש תאכלם?

(די נארען, זיי מיינען אז זיי האָבען פערברענט די ווערטער וואָס זיינען טייערער ווי גאָלד. דאָס זיינען ווערטער פון ברענענדער פייער, — ווי קען זיי פייער פערברענען?)

* * *

דער רמב"ם האָט זיך שטענדיג בעטראַכט פאר א שפּאניער, כאָטש ער איז געצוואונגען געווען צו פערלאָזען שפּאניען, ווען ער איז נאָך געווען א יונגער איינגעל. ביז

זיין סאמע עלטער שרייבט ער זיך אונטער „משה הספרדי“, כשה פון שפאניען. ער האט ליעב געהאט שפאניען און איז געוועזן שטאלץ אויף איהר, ניט קוקענדיג אויף דעם וואס ער און זיין פאמיליע זיינען דארטען אזוי שלעכט בעהאנדעלט געווארען.

ער איז געוועזן דער לעצטער, אויב ניט דער גרעסטער. פון די גאונים וואס דאס שפאנישע יודענטום האט פון זיך ארויסגעגעבען אין זיין גלאנץ עפאכע. מיט איהם קען יענע גלאנץ־עפאכע געשלאסען ווערען.

